# אברהם רייזענס

# 50

# לידער

א מתנה

די קינדער פון די אידישע שולן

ארויסגעגעבן לכבוד זיין

## 50

יאָריקן יובילײ






פון דעם פארלאג

**מתנות**

בא דעם שלום עליכם פאלק אינסטיטוט

ניו יאָרק 1926

געצייכנט פון

ב. ארנסאָן

א. גודלמאַן

י. נאַמבארג

מאַפּל

ב. קאַפּמאַן

אברהמל

ג. ג.

הילע געצייכנט פון

א. גודלמאַן

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דעם פרויען קלוב

„פאַר די קליינע קינדערס וועגן"

בײַ דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט.

געדרוקט אין דער „פינסקי־מזל דרוקעריי",
84 באוערי, ניו יאָרק.

(עקספּראָמט)

וואס איז א דיכטער? — פרעגסטו, ליבער.
טא. הער, מיין קינד: די וועלט איז גרא, —
נו, פארבט ער זי צוביסלאך איבער,
אמאל אין גרין, אמאל אין בלא.

די רויטע פארב — זי קאָסט צו טייער.
נאר ווען עס קומט א גרויסע נויט,
דאן צינדט זיך אן זיין הארץ, ווי פייער
און פארבט די וועלט אין פייער־רויט...



## קינדער־בוך

קינדער־בוך ! באַם ערשטן טיש
ווערט די וועלט מיר יונג און פריש.
ווערט דאָס פרעמדע מיר באַקאַנט
און די וועלט — איין וואונדער לאַנד.

מעשהלאַך מיט גוטן סוף
וועקן מיר מיין גלויבן אויף.
ווער ס'איז גוט — דער ווערט באַלוינט
און דער שלעכטער — ניט געשוינט

קינדער לידער — ליכט און לינד
ווי א זומער אוונט־ווינט.
גרינע וועלדער באַ מיין הויז,
בלאָער הימל שפּרייט זיך אויס.

אויך אין ווינט, אין שניי און פראָסט
ווערט דאָרט קיינער ניט פאַרלאָזט.
בלאָנדזשעט שפּעט א קינד ארום,
רופט א גוטער מאַן אים: קום !

איך די פאַבלען „ וואָר און ברייי —
חיות לויפן נאָנט פאַרביי.
וועלן דאָך קיין בייז ניט טאָן,
מיט דער האַנט, נעם ריר זיי אָן !

יעדע רעטעניש — א פרייד !
זוך נאָר — טרעפסטו דעם באַשייד ;
ווער עס זוכט און ווער ס'געפינט
גאָר דעם גרויסן פרייז געווינט.

## שפּילכלאַך

א שפּילכל נאָך א שפּילכל
אין צימער, באַ דעם קינד ;
מיט פליגלען צוויי א מילכל,
וואָס דרייען זיך אין ווינט.

א שיפעלע — אנטקעגן,
ווי באַ א שטילן ברעג ;
און בייַנקט, ווי זי וואָלט פרעגן :
ווען לאָזט מען זי אין וועג.

א באַנעלע, א לאַנגער,
מיט א לאָקאָמאָטיוו ;
ער שטייט און וואַרט, א באַנגער,
גלייך ווי דאָס קליינע שיף . . .

א פערדל און א וואָגן,
זיי שטייען באַ א וואַנט ;
און בײדע, דאַכט זיך, זאָגן :
ווען פירט אונדז שוין א האַנט ?

און ווער קען דען געדענקען
די שפּילכלאַך אָן א שיעור ;
זיי וואַרטן, זיי זאָל שענקען
דאָס ליבע קינד — א ריר.

דאָס קינד — זיי א געטרייע,
פאַרגעסט אָן זיי דאָך אָפט :
נאָך שפּילכלאַך אַנד'רע, נייע,
זי בענקט און וואַרט און האָפט . . .

# [illegible]

ס'איז דער אדר שוין געקומען,
אוים פון פראָסט און קעלט צו שוידערן,
און ווי וואַסערלאַך זיי ברומען,
און זיי רוישן, און זיי פּלוידערן.

פון די דעכער אָן אויפהערן,
רינען טראָפּן, רינען, פליסן;
און עס דאַכט: דאָס זענען טרערן,
וואָס פאַר פרייד די הייזלאַך גיסן.

אויף די פּריזבעס, אין די הויפן,
שפּילן רייזעלאַך, אברהמלאַך
און זיי האַנדלען און זיי קויפן
אין די כלומרשטיגע קרעמלאַך.

און די זון זי ווינקט פון הימל:
כ'וועל אייך שיקן שטראַלן הייסע,
נאָר איר האַנדלט אָן געטימל
און נישט שלאָגט זיך ווי די גרויסע...



# תשרי־טעג

מילדע תשרי־טעג —
ווער האָט זיי ניט האָלט ?
העכער גייט די זון,
שטילער פאַלט איר גאָלד ;

ליבער ווערט איר גוטס,
גנעדיקער איר ליכט.
ווי־זי האַלט איר שוץ,
שיקן אומגעריכט.

ווייטער רוף און טאָן
זיך פון ערגעץ טראָגט,
עפּעס זאָגט עס אָן
שטיל און ניט דערזאָגט.

קוקסטו זיך שטיל ארום,
פאַלט אויף פעלד דיין בליק ;
זעסטו וואו א בלום,
איז דאָס שוין אַ גליק.

גרינט אַ בלאַט נאָך וואו,
איז דאָס אַ געשאַנק,
ווערסטו פול מיט רו
און מיט ליבּ און דאַנק...



אויפ'ן שפּילנדיקן טייך
שווימט א שיפל שטאָלץ און גלייך.

און אין שיפל זייט בא זייט
זיצט אַ פּאָר און קוקט אין ווייט.

ביידע יונג און ביידע פריי
ווי די גרינע וועלט דערביי.

ביידע זיכער און באַרוט —
ווי דאָס שיפל קומט איז גוט,

און די זון מיט מילדן שיין
קוקט זי נאָך און ווּליגט איין. —

און אַ ווינטל, קוים אַ ריר,
סוד'עט אים און סוד'עט איר.

און דער וואַלד איך, אויף זיין שפּראַך
זאָגט זיי צו זיין גרינעם דאַך.

איבער זיי א פייגל־כאָר
זינגט און גריסט די יונגע פּאָר.



צין ׳גרסאן.

# אין א נעבל־נאכט

איך קוק ארויס פון פענצטער
און גלויב-ניט מיינע אויגן ;
ווער האט די אלע הייזער
מיט טוליען ווייס פארצויגן ?

ס'איז יעדער הויז א פאלאץ
און ווינט זיך אין די רוימען,
און זעען אויס פאנטאסטיש,
געהילט אין שטילע טרוימען.

און וואו זיינען פארשוואונדן
די קוימענס ווייט פאר מיילן ?
מיר דאכט זיך, אז עס הענגען
אין לופטן וואונדער־זיילן . . .

# דער אורח באַם סדר

(אַ מעשהלע לכבוד פּסח)

דער שענסטער כּוס פון אַלע איז געווען אליהוס —
דער טאַטע פלעגט דעם כּוס אַליין צום סדר גרייטן,
עס איז געווען אַ כּוס געמאָלט אין שיינע קווייטן —
מען האָט אים נים פאַרביטן, נים געמאַכט קיין טעות.

דער טאַטע פלעגט אים אָנגיסן הויך צו די ברעגן!
און פאַרזיכטיק און מילד אַזוי פלעגט ער אים גיסן,
דעם פיינעם ווייַן, פון ראָזשינקעס, דעם זיסן,
פאַר אליהון אַליין, פאַר זיינעטוועגן . . .

די קינדער פלעגן אין געדאַנקען ווייט פאַרזינקען,
דער שפּיל איז זיי געווען אַזוי געפעלן,
נים מער — זיי וואָלטן זען בלויז איינמאָל וועלן,
ווי אליהו קומט פון כּוס אַ ביסל טרינקען . . .

און איינמאָל — האָט מיטגעבראַכט פון שול דער טאַטע
אַן אורח, וואָס מען האָט געגעבן אים צום סדר,
ער איז געווען געקלייט אין אַנדערשדיקע קליידער —
די באָרד אַ לאַנגע, גראָע און די אייגן מאַטע.

מען האָט אַ כּוס געשטעלט פאַר אים, ווי ס׳פּאַסט פאַר לייטן.
נים וויים פון אליהוס כּוס, אין טיש אין מיטן,
מען האָט צו יעדן מאָל געדאַרפט אים היטן
ער זאָל, חלילה, נים זיין כּוס פאַרבייטן . . .

און נאָכן סדר איז דער אורח שטיל פאַרשוואונדן,
באַטראַכט האָט יעדערער די כּוסות אין דעם שיפל —
מען זעט, עס פעלט פון אליהוס כּוס אביסל —
און דעם אורחס אָבער פיל אָין רוים געצונדן . . .

דער טאַטע האָט געשמייכלט מים הנאה,
די מוטער איז פאַרחלומט אומגעגאַנגען,
און מיר, די קינדער, האָבן ווי געהערט געזאַנגען
און שוועבן ווי געזען דעם אורח — אליהו!

[illegible] זיין לאסט,
און דער אדר מונטער
קומט צו אונדז צו גאסט.

קען ער זיך ניט שטילן,
פריי איז ער, אן ציל,
פול איז ער מיט ווילן,
פול איז ער מיט שפיל.

לאזט ער שניי'לאך פאלן
איז דאס בלויז צום שפאס.

און פארשיינט די גאס.

פייגל, לאנג אנטשוויגן,
הויבן זינגען אן,
מיט א נייעם ניגון,
מיט א נייעם טאן.

—

קינדער אין די שטיבער
רוען מער ניט איין
און דער גאסט דער ליבער
רופט זיי מיט זיין שיין.




צי איז בלויז א גם דארט געווען,
צי איז נאר געווען דארט א שטריים ?
עס איז אזוי לאנג שוין געשען,
עס קלינגט אזוי דומפ, אזוי ווייט —
לעגענדן און וואר
פארמישט אין א כאר.
ווי עכאס פון אוראלטער צייט...

צי האבן דארט העלדן דעם פיינט
פארטריבן, פאריאגט מיטן שווערד ;
צי פייערלאך האבן געשיינט
און ס'האבן זייער ליכט זיך געמערט ? —
דער שווערד ליגט אין ראסט.
צעבראכן, פארלאזט —
די פייערלאך שיינען נאך היינט...



דער נאַכט־װעכטער

שפּעט. די נאַכט איז קאַלט און פינצטער,
טרױעריק און נאַס;
אין די הײַזער רוען אַלע;
שטיל און שטום איז גאַס.

עלנט שלעפּט זיך נאָר דער װעכטער
אױף דער גאַס אַרום;
אין די שטילע הײַזער קוקט ער
װײמוטיק און שטום.

דאָרט אין װאַרעמ-װײכן בעטל
שלאָפט זיך אַזױ גוט;
אַך, װי װאָלט ן זײַנע בײגער
דאָרט זיך אױסגערוט!

און ער קלאַגט זיך פאַר'ן הימל:
„זע מײַן טרױער צו:
איך אַלײן בין גאַרנישט, —
היט איך
פרעמדנס גליק און רו!"

# צום העמערל

אך, העמערל, העמערל, קלאפ!
שלאג שטארקער א טשוועק נאך א טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטא!
נאר צרות און לייד אן אן עק!

אך, העמערל, העמערל, קלאפ!
דער זייגער — ער שלאגט שוין באלד צוועלף;
די אויגן — זיי מאכן זיך צו.
גיב כחות — א, גאטעניו, העלף!

אך, העמערל, העמערל, קלאפ!
שלאג שטארקער די טשוועקעס, שלאג גיך!
ביז מארגן מוז פארטיק שוין זיין
דער נבירהטעס טעכטערלס שיך!

אך, העמערל, העמערל, קלאפ!
נים גלימש פון מיין האנט זיך ארויס.
מיין איינציקער שפייזער ביסטו,
פון הונגער אן דיר גיי איך אויס!...



# די מוטער צום קינד

שלאף נאך, שלאף נאך, מיין ליב קינד,
דרויסן איז א פראסט, א ווינט!
נאט זאל זיך דערבארימען,
נאט זאל אונדז דערווארימען

אוי, דער ווינטער שרעקט מיך, שרעקט!
ליג, מיין קינד, נאך איינגעדעקט;
שלאף נאך, ארים פייגעלע,
עפן נים דיין אייגעלע.

וועסט דערזען א קאלטע וועלט,
דורך אין ווייסן אפגעמעלט.
האלץ אין שטוב קיין שייטעלע
און קיין געלט אין בייטעלע.

נים געקאכט און נים געהייצט.
קעלט און הונגער דריקט און רייצט.
שלאף, מיין קינד, פארפרארענע,
ארימע, פארלארענע!...



## אלול - טעג

שטילע גראָז ציטערן,
טוליען זיך און בויגן זיך;
און די זון, די היטערן,
נעמט צום אָפּשייד נייגן זיך.

ביימעלאך פאַראומערטע
באַ די הויפן הוידען זיך,
בלעטלאך, אָפגעזומערטע,
פלאַטערן און סודען זיך.

וואָלקנדלאך, צעשלאָגענע,
אין דעם רוים צעשפּרייטן זיך.
פייגל, שטום, צעטראַטענע,
ערגיץ פליען גרייטן זיך.

קילער ווייען ווינטעלאך,
פרעמד און קאַלט גריסנדיק;
בלויז באַם הויז די קינדערלאך
שפילן, גאָרנישט וויסנדיק.



## אַ טאָג...

אַ טאָג איז אויס,
עס ווייט מיט רו;
אַ שטיל געדויש
פון ערגיץ־וואו.

אַ וויטן שיין
די זון נאָך שענקט,
ווי זי וואָלט זיין
נאָך אים פאַרבענקט.

אַ ווייטע פרייד,
אַ ווייטע ליד;
אַ טאָג פאַרגייט
מיט שטילע טריט...

# דאָס געבעט

עס הערט זיך דער הונגער פון ווייטן,
עס בלענדט אין די אויגן דער בליץ;
אָ, גאָט! האָב רחמנות. די אָרימע
פון בייזן געוויטער באַשיץ.

וואָס אַרבעטן איצט אויף די פעלדער,
געפינען זיך ווייט פון דער היים
און האָבן קיין אָרט, וואו זיך צו שיצן,
קיין שייער, קיין דעכל, קיין בוים;

וואָס זיינען אַצינד אונטערוועגנס,
די פורן מיט משא פאַרלייגט,
און ווייט איז פאַר זיי נאָך אַ קרעטשמע
און וועדן פון רעגן צעווייקט;

וואָס שטייען אין מאַרק מיט די קוישן:
מיט עפּל, מיט גריגנס און מיט ברויט —
און אַלע, וואָס זיינען איצט דרויסן,
וואָס ס'טרייבט זיי דער הונגער, די נויט;

און אַלע, וואָס זיינען פאַרוואָגלט,
וואָס האָבן קיין ווינקל דאָ ניט,
די אַלע פון בייזן געוויטער
באַשירם, באַשיץ און באַהיט!



# דער אָרימאַן

(פאַנטאַזיע)

אויף אַ ברייטן וועג, אַ לאַנגן,
גייט זיך שטיל אַן אָרימאַן,
אויפן אַקסל גאָר זיין אייגנס,
ניט קיין סך איז דאָרט פאַראַן.

ווערט ער מיד פון גיין פון לאַנגן,
זעצט ער זיך באַם ברעג פון וואַלד.
רוישן איבער אים די ביימער
און דערמונטערן אים באַלד.

ווערט ער דורשטיק — לאַנג געווערט ניט
און אַ קוואַל איז שוין פאַראַן,
טרינקט זיך אָן און אַ דערפרישטער
לאָזט זיך גיין דער אָרימאַן.

וויל ער עסן — פירט אַ שטעגל
צו אַ פּויערס קליינעם הויז,
קלאַפּט ער אָן — דער גוטער פּויער
טראָגט אים פריינטלאַך ברויט אַרויס.

קומט דער אוונט — וויפיל שטערן
פינקלען אין דעם הימל דאָן!
אַלע שטערן דאָן געהערן
צו דעם וואַנד'רער-אָרימאַן.



בונטע שטראַלן, פּאַסן ליכט,
פאַלן מילד אויף מיין געזיכט,
און זיי וואַרעמען, און גלעטן,
און זיי קושן, און זיי בעטן.

און דער טייך וואָס איז געלעגן
שטיל דעם ווינטער אָן באַוועגן,
האָט דאָס לעבן איצט דערפילט,
און ער טראָגט זיך האַסטיק, ווילד.

און די פייגל איבער דעכער
פליען הויך און זינגען העכער!
אַך, ווי פריילאַך איז דאָס לעבן,
אין דער לופטן פריי צו שוועבן.



# ווינטער־אָוונט

ווינטער־אָוונט. פון חדרים
זײנען ײנגעלאַך געגאַנגען;
איבער גאַסן, שמאָל און אָרים,
האָבן אָפּגעהילכט געזאַנגען.
ווייניק לידער, קלײן די צאָל —
זינגט מען איין ליד נאָך אַמאָל...

וואו נײַט וואו א קראָם נאָך אָפֿן,
זיצט א קרעמערל אַ מידער;
מורמלט שטיל וואָס און פאַרשלאָפֿן,
וועקן אים די קינדערס לידער.
ווערט אים גוט אַזוי און באַנג
פון דעם קינדערשן געזאַנג.

זינגען קינדער העכער, העכער,
מיט דעם ניגון דעם באַקאַנטן;
אויף דער ערד און־אויף די דעכער
פינקלען שנייעלאַך־בריליאַנטן,
און פון פענצטער, וואו ניט־וואו,
ווינקען פײַערלאַך זיי צו...





די ווייסע וואָלקנדלאַך
אין לופטן שפּילן זיך,
אין פריי באַוועגן זיך
און וואו זיי ווילן זיך
אליין ניט ווייסנדיק
וואוהין זיי ציִלן זיך.

דער הימל אויסגעשפּרייט,
דער רוים אַ ציכטיקער,
די זון — א פריילאַכע,
דער טאָג א ליכטיקער ;
און וואו זיי גייען איז
דער וועג א ריכטיקער . . .

און פּלוצים קומט א רוח :
מיט זון זיך זעגענען ;
עס זאָלן וואָלקנדלאַך
זיך גלייך באַגעגנען —
עס קומט די גרויסע שעה,
די שעה פון רעגענען.







# דער פרוכט הענדלער

(אַ ניו יאָרקער בילד)

די מענער — פון פרי בא דער ארבעט,
די ווייבער — זיי בלייבן אין הויז;
די שטים פון דעם יונג וואלענטינאָ
רופט פלוצלונג פון הויז זיי ארויס.

ער איז נימ קיין זינגער, חלילה,
א גליק האָט געטראָפן נימ אים...
דאָס רופט ער בלויז אויס זיינע גרינסן
און פרוכט, מיט א קלינגענדער שטים...

בא אים, אויף דעם וואָגן דעם ברייטן,
וואָס ס'פירט שטיל-געדולדיק א פערד,
געפינט זיך אַ גאָרטן מיט פירות
און גרינסן, ערשט פריש פון דער ערד.

די עפל, האַלב-זויערע, האַלב-רויטע
זיי לאָקן און רייצן דאָס בליק;
די טונקלע קאָרטאָפל מיט ערד נאָך,
די מערן — כאָטש נעם זיך און קוויק!

די אראַנדזשעס, זוניק געברוינטע
וואָס פילן די גאָס מיט דעם דופט;
און ווער קען דען זאָגן, געדענקען,
די נעמען פון אלץ, וואָס ער רופט...

און גוטמוטיק איז וואלענטינאָ.
די פרייזן, ער זאָגט זיי אין שפּאָס;
ביז זינגענדיק פירט ער זיין גאָרטן
אַרויס אין אַן אַנדערער גאַס.





י. טאָפּעל



# ערב פרילינג

דער ווינטער, דער ווינטער,
ער וויל נאָך רעגירן;
ער גיט נאָך אין אָוונט
זיין כח אונדז שפּירן.

ער האָט נאָך אַ רעשטל
פון זיינע אַרמייען,
וואָס קומען אים העלפן
מיט ווינטן און שנייען.

באַנאַכט ווערט ער מעכטיק,
מיט צאָרן באַפאַלט ער —
דעם גאַנג פון די טייכלאַך
און גאַסן פאַרהאַלט ער.

ער האָט נאָך אין צפון
אַ גאַנצע חבריא,
וואָס ווילן אים שטיצן,
וואָס בלייבן געטרייע.

דאָך הויבט שוין דער פרילינג —
זיין מאַכט איז נאָך אָרים;
עס קומען צו הילף אים
די ווינטלאַך פון דרום.





## שבועות־ליד

דינע, קלײנע צװײַגעלאַך
אין די אָרעמע שטיבער
הענגען פֿון דער הײך אַראָפּ
גרינער נאָך און ליבער.

נאָכגעמאַכטע פֿײגעלאַך
אין דער הײך זיך ציען,
רירן זיך אויף פֿעדימער,
דאַכט זיך, אַז זײ פֿליען.

בײַ די פֿענצטער און די װענט
ביז אין הײך, אין לופֿטן —
בלומען פֿון געפֿאַרבט פּאַפּיר,
דאַכט זיך, אַז זײ דופֿטן.

בלימעלאַך און צװײַגעלאַך,
װוּ דײַן בליק נאָר װאַנדלט,
װערט אַן אָרים שטיבעלע
אין אַ סאַד פֿאַרװאַנדלט...

און פֿון פֿענצטער — קוק אַרױס —
װײַטע פֿעלדער ליגן.
און פֿון װײַטע פֿעלדער ציט
שטיל פֿון רות דער ניגון...





# דער הענדלער

אויסגעטאָן פון זיך די שאַנד,
מיט אַ זעקל אין דער האַנט
גייט ער אום פון הויף צו הויף,
הויבט די אויגן אַלץ אַרויף:
און ווי טרויעריק ער זינגט —
איבער'ן גאַנצן הויף עס קלינגט:
האַנדל, האַנדל!

— זאָגט, ווער זייט איר, ליבער איד?
וואָס פאַרציילט מיר אייער ליד?

— „כ'וואוין דאָרט אויף דער סמאַטשע גאַס,
אין אַ קעלער — פייכט און נאַס,
מיט אַ גרויס געזינט!
זומער קומט דאָרט נישט אַריין
פון דער ליבער זון קיין שיין,
ווינטער — בלאָזט דער ווינט.
כ'גיי מיין גאַנצן לעבן אום.
מ'הערט פון מיר נאָר וואו איך קום:
האַנדל, האַנדל!

אוי. איך האָב נאָך ווערמער פיל.
נאָר איך טראָג זיי אין דער שטיל —
קיינער דאַרף זיי נים.
ווען איך קום אַהיים באַנאַכט
אָפּגעמאַטערט און פאַרשמאַכט,
שיט איך זיי און שיט.
עט. וואָס האָב איך זיך פאַררעדט...
האָט איר נים אָן אַלטע בעט.
אַלטע הויזן, אַלטע שיך?
וואָס איר ווילט נאָר — האַנדל איך.
האַנדל, האַנדל!



זײַן פײַכטער קעלער

ב. קאַפּמאַן





# דער גמרא־ניגון

וואס פארט קלאגסטו בא דער גמרא,
קלויזניק בלאסער, קלויזניק ליבער,
און דיין וויינענדיקער ניגון
אין מיין הארצן גייט אריבער?

און מיין אויג איז פייכט געווארן,
מיט א טרער איז עס פארלאפן —
קלויזניק בלאסער, קלויזניק ליבער,
זאג, וואס האט מיט דיר געטראפט?

צי דו בענקסט אהיים נאך דיינע
טאטע, מאמע, שוועסטער, ברידער,
וואס אן זיי ביסטו געבליבן
ווי א שיפל אן א רודער?

אדער אויפ'ן „טאג" בא לייבע'ן
ביסט א לאנגע צייט געזעסן,
ביז מען האט געזאגט: „נו, בחור,
נעם די קווארט און וואש זיך עסן"?

אדער אפשר גלאט דו שעמסט זיך
עסן ברויט אויף פרעמדע טי'שן,
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן
שלינגסט אראפ דו יעדן ביסן?

אדער ס'פעלט דיר אויס א „מאנטיק",
און עס האט דיך שוין געטראפן
ניט איין מאל זיך לעגן הונגעריק
אויף דער הארטער באנק און שלאפן?

און דו האסט זיך איצט דערמאנט גראד,
און דו קענסט עס ניט פארטראגן,
און בא רבאן, בא רב פפאן
ווילסטו איצט דייך הארץ איפקלאגן?

הויב זשע העכער אויף דעם ניגון,
שטארקער, העכער דריי די טרעלן;
ועסט דיין בענקעניש פארגעסן
און דער הונגער וועט ניט קוועלן.





## די מיל

אין מיין ליבער היים, אמאָל,
איז אַ ווינטמיל ־הויך געשטאַנען ;
ווען איך מאַך די אויגן צו
קען איך זען אױש פֿון דאַנען.

ווען אין שטוב איז שטיל און שאַ,
מיר און פענצטער אויפ׳ן ריגל, —
קען איך הערן איצטער נאָך,
ווי עס רוישן אירע פליגל !..



## היים

היים, עס שמיקט אַ שטומער פייער ;
בלומען — שטום, און דופט ;
קום, דו ווינטעלע, דו פרייער
און דערפריש די לופט.

זאָל אַ בלעטל זיך באַוועגן
אויפ׳ן מידן בוים ;
רעגנבויגן נאָכ׳ן רעגן
שפילן זאָל אין רוים...



# די זון
# אין
# פרימאָרגן

די זון אין פרימאָרגן
זי שיקט אירע שטראַלן,
די מאַכט פון דעם ווינטער
הויבט ווידער אָן פאַלן.

געבענטשט איז דער פרילינג
און טייער זיין נאָמען;
ס'פאַרוואַנדלען זיך טייכלאַך
אין רוישיקע שטראָמען.

און מיטאָג — דער פרילינג
זיין מאַכט האָט באַוויזן:
די זון יאָגט דעם ווינטער
מיט שטראַלן, ווי שפּיזן.

דאָס אייז און די שנייען
זיי שמעלצן שוין ווידער;
דער ווינטער באַהאַלט זיך
ביז אָוונט א מידער...



# מלחמה

„אָ, מאַמע, כ'וויל אַביסל מילך,
ס'איז טרוקן מיר מיין גומען...״
— מיין קינד — אַ בייזער פאַסטוך האָט
די אַלע קי פאַרנומען.

„טאָ גיב מיר, מאַמע, ברויט אַ ביס
דעם הונגער מיר צו שטילן״.
— ניטאָ, מיין קינד. אַ וואַסער האָט
פאַרטרונקען אַלע מילן.

אַ וואַסער ווילד, אַ וואַסער־רויט
האָט זיי אַראָפּגעטראָגן,
און אַלע מילגער ויינען איצט
אַוועק אין פעלד זיך שלאָגן.



„טאָ, וואָ־זשע איז דער טאַטע איצט,
ער זאָל אונדז עסן קריגן ?
— דער טאַטע איז אַוועק מיט זיי
א שונא צו באַזיגן.

דער טאַטע איז אויך איצט אין פעלד —
דו הערסט, מיין קינד, א ברומען ?
ער איז אַוועק, ער איז ניטאָ,
ווער ווייס צי וועט ער קומען.

# די געפליגלטע סוכה

וואנדער הוהען אין מיין האַרץ
אינטער שלאָס און ריגל — — —
איך דערמאָן איין וואונדער איצט —
אינדזער סוכהס פליגל.

א גאַנץ יאָר דער פאַרהייזס דאַך —
מאָך און גרינע שימל;
ערב סוכות — פליגל צוויי
און דערזעסט דעם הימל.

ווי נאָר ערב סוכות קומט
עפנט מען זיי ביידע;
און דער מייסטער איז געווען —
ווייסט איר ווער? — דער זיידע.

דאַכט זיך. אַלט איז ער געווען,
שוואַך און איינגעבויגן, —
ווי א יונגערמאַן האָט ער
פאַר דער שטריק געצויגן.

און די פליגל שטעלן זיך
איינער קעגן צווייטן,
ווי דער אַלטער שטיקל דאַך
פליען וואָלט זיך גרייטן...

און מיר קינדער, בעטן גאָט:
ס'זאָל נים זיין קיין רעגן,
איב נים צליב אונדז אליין —
פאַר דעם זיידנ'ס וועגן...

הייבט פארנאכט אָן רעגענען,
ווערן מיר געפאַקן,
און דער זיידע ציט די שטריק
און די פליגלען פאַלן... —



# באם פענצטער



בלייבסטו אליין אין דיין הויז —
קוקסט דורכ'ן פענצטער ארויס.
ווערסטו מיט ליבע באהעלט,
זעסטו גאר אנדערש די וועלט . . .

ווער נאר עס גייט דיר פארביי,
ווערט דיר אי נאענט, אי ניי ;
ווערסטו א פריינט, וואס ער היט
ציטעריק אלעמענ'ס טריט.

לויפט דורך א קינד מיט געזאנג,
וואקלט א זקן אין גאנג, —
יעדן דיין בליק גלייך באגלייט,
יעדערן שיצן ביזט גרייט.



פליט זיך א פויגל אראפ,
שטעלט זיך אין מיטן גאס אפ,
זוכט זיך זיין שפייז צווישן שטויב, —
שיקסטו אים הארציק דיין לויב.

שלעפט זיך א הונט דא און דו,
ווייסט ניט פון וואנען, פון וואו,
קוקט ער דערשראקן, פארפרעמדט, —
בלייבסטו באם פענצטער פארשעמט.

ברין אראנסאן.




ס'איז געווען א הייזעלע
נידריק און קליין;
דאך פארמאגט דאס הייזעלע
האט אזוי פיל חן.

ס'האט געדאכט זיך, אז עס לעבט,
רעדן אויך געקאנט...
נאר געשוויגן אלע מאל,
קיין זאך נים געמאנט!

ס'דארף א הוט דאס הייזעלע:
ס'דארף א גייעם דאך,
ווייסט עס אבער. ס'איז נימא
שווייגט עס. ווי קיין זאך!

גיסט דער רעגן, ליידט עס שטיל.
ס'הייזעלע איז קלוג...
שטעלט מען אויפ'ן בוידעם אן
עמערס, טעפ גענוג...

אויך די פענצטערלאך צום גאס,
פונקט ווי אויגן צווי,
קוקט מאט, און מאנכע שויב
פעלט שוין לאנג אין זיי;

שויבן פעלן און עס דאכט,
ס'הייזעלע איז בלינד,
קלעפט מען מיט פאפיר זיי איס,
שפילט מיט זיי דער ווינט.

שוואך איז וואו נים וואו א וואנט.
שוואך איז אויך דער גרונט.
שיט מען זיי מיט פריזבעס אן,
ווערט'ס צוריק געזונט.

פרילינג קומט — דאס הייזעלע
ווערט ווי יונג צוריק;
ס'קומט א פויגל פון דער ווייט,
פייפט: טשיריק, טשיריק!

און דאס הייזעלע, עס קוועלט,
נעמט אים פריינטלאך איף —
אויפ'ן דעכל אויפ'ן שפיץ
זעצט ער זיך ארויף...

און ער זינגט איר לידעלאך
פון דער ווייטער וועלט
און דאס הייזעלע הערט אויס
און דאס הייזל קוועלט...





# אליהו הנביא

דאָס איז שוין געזען
נאָך דעם כּוס דעם דריטן ;
דאָס מאָל אליהו'ן
מוז איך פאָרט דערזעהן.

איטנעקאָלכט דאָס שטיבל,
און די ליכט זיי ברענען ;
ווי ער וועט אריינגיין,
וועל איך אים דערקענען.

כ'האָב געלערנט „מלכים".
כ'זע אים פאַר די אויגן :
ווי ער איז אין הימל
דאָן אריפגעפלויגן.

אויף א פייער־וואָגן,
דורכגעבליצט מיט שטראַלן,
כ'זע נאָך ווי זיין מאַנטל
איז אויף דר'ערד געפאַלן.

און פון מענטש צו מלאך
איז ער דאָרט אריבער ;
אָבער אויף דער ערד אויך
קומט ער אָפט אריבער.

איבערהויפט צום סדר
ענדערט זיין געשטאַלט ער,
ער פאַרשטעלט זיך דעמאָלט,
ווי א איד אן אַלטער.

מ'דאַרף נאָר אין א רגע
קאָנען אים דערזעהן ;
טאָמער קוקסט ניט ריכטיק,
ווערט ער ניט אין מיטן.

איך וועל אָבער קוקן,
כ'וועל זיך ניט אָפּקערן,
כ'וועל אים גלייך דערזען,
זיינע טריט דערהערן.




דער בוים
אנטקעגן אונדזער הויז,
נאָך אין דער אַלטער היים,
האָט זיך צעוואַקסן גרויס
גאַנץ גרויס, גאַנץ שיינער בוים.
א פרעכטיגער בוים, וואָס צירט
א פרעכטיגע הויז און הויף;
דאָך אָפט האָב איך געשפירט
ער קוקט צו אונדז אַרויף.
ווען שבת איז געווען
האָב איך באַטראַכט אים גוט,
האָט דאַן מיר אויסגעזען
ווי ער וואָלט אויך גערוט.
און אונדזער יום טוב אויך
האָט באַלד דער בוים דערפילט:
מיט מיינע צווייגן הויך
האָט ער מיט פרייד געשפילט.



## אַ געזינט זאַלבעראַכט

אַ געזינט זאַלבעראַכט,
און בעטן נאָר צוויי, —
און קומט אָן די נאַכט,
וואו שלאָפן דאַן זיי?

דריי מיט׳ן טאַטן,
און דריי מיט דער מאַמען —
הענטלאַך און פיסלאַך,
געפלאָכטן צוזאַמען.



און קומט אָן די נאַכט,
מען האָרכט זיך אויסבעטן,
יאָן הויבט אָן די מוטער
דעם טויט אויף זיך בעטן.

זי מיינט טויט אָן אמת, —
עס איז נישט קיין וואונדער:
אויך ענג איז אין קבר,
דאָך ליגט מען באַזונדער







## אַ פרילינגס־רעגן

אָן ציל — פאַר שפּיל,
בלויז צו פאַרווײַלן;
איז פאַלט ער שטיל,
צו וואָס זיך אײַלן?

עס זײַנען דאָ —
נאָך אונטערוועגנס —
אין גוטער שעה,
די גרויסע רעגנס.

זיי וועלן גוטס
די פעלדער ברענגען;
ער מיינט קיין נוץ,
נאָר צו פאַרברענגען.

אַ שפּיל צו טאָן,
און — קלענער, קלענער;
ס'זאָל באַלד די זון
נאָך לײַכטן שענער..

## דער ווינט

פון דער סטעפּ
וואו זאַמדן גליען, —
פון זײַן לאַנגן וואַנדער,
קומט אין שטאָט דער ווינט צו ציען —
שפּילט ער זיך פאַנאַנדער.

בלײַבט בײַם הויז דעם הויכן
וויל דעם דאַך דערלאַנגען
קען ער גרינג אים גרײַכן
האַלט דאָס הויז געפאַנגען.
וואו ער וויל און וואָס ער וויל.
ווערט די שטאָט בײַ אים צום שפּיל!

# שטעגן

יאגט דער צוג זיך האסטיק,
קלאפט מיט שטאל און אייזן.
ווי ער וואלט דיר וועלן
אלע וואונדער ווייזן.

פליען פעלדער, וועלדער,
פליען און פארפליען;
ווייטע, ברייטע וועגן
ציען זיך און ציען.

בא די גרויסע וועגן,
וואס אין ווייטן גייען,
ליגן שמאלע שטעגן,
שלענגלען זיך און דרייען...

צווישן הויכע גראזן
צערטלאך אויסגעטראטן,
ליגן זיי פארלאזן
צווישן זון און שאטן...

ווערן זיי פארלארן,
ווערן זיי פארפאלן,
בא א טייך א קלארן
און בא פרישע קוואלן...

אבער עס ווייס ווי ווערטער קלייבן,
קען ער מיט זיי צויבער טרייבן.
האבן ווערטער אים ווי שקלאפן,
קען ער מיט זיי אלץ באשאפן.
וואס ער וויל נאר און פארלאנגט ניט,
ווערט באלד זיינס און קיינער פרעגט ניט...
שטעלן ווערטער זיך אין ציילן —
ציט זיך וואלד אין פעלד פאר מיילן...
שטעלט ער אנדערע צוזאמען —
שווימט מען שיף אויף ווייטע ימען...
קלייבט ער נאך די ווערטער שאצן —
שטייען שטאלץ פאר אים פאלאצן.
האט ער אנדערע געפונען —
גליען דימענטן ווי זונען.
זיינען נייערע געקומען —
וואקסט א גארטן, דופטן בלומען.
וואס ער וויל און וואס באגערט ער,
שאפט דער צויבערער פון ווערטער!



אברהם רייזען

מערב'ס ברעג

פאנטאזיע

אראב'ס ברעג און פאלמען
נאכן זונפארגאנג;
ווי געמאלטע גאסן,
ברייט און ווייט און לאנג.

פעסטונגען, פאלאצן,
ריזן אלערליי.
און ווער קען דען שאצן
ווער דארט זיינען זיי?

יעדעס הויז באזונדער
האט ניט קיין באשייד;

וואנדער נאך א וואנדער
ווייזט זיך און פארגייט...

און א שיף מיט זעגלען
קומט אין רויט געמאלט,
גרייט זיך אפצוזעגלען
מיט דעם הימלס גאלד.

רגעס בלויז געווערן
און די שיף פארשווינדט;
און דער אוונטשטערן
זיך אין הימל צינדט.

# קאַלט

(אַ סטרייק־לידל)

קאַלט איז אין דיין וואוינונג —
זאָל דיך דאָס ניט אַרן;
ס'קעמפן פאַר באַלוינונג
די וואָס אין געפאַרן
גראָבן אין די גריבער
קוילן, — פריינט, דו ליבער.

אונדזערע מאַגנאַטן —
שווער איז זיי צו רירן;
זיי וועט עס ניט שאַטן,
זיי וועלן ניט פרירן.
די וואָס קעמפן איצט,
האָבן זיי באַשיצט.

אומבאַשיצט און אָרים
אין דעם קאַלטן וועטער,
אין די שטיבלאַך־קברים
זאויפגעשטעלט פון ברעטער —
שמאַכטן זיי אין פיין
ביז דער זיג וועט זיין.



## די יונגע מוטער

שא, מיין קינד... דו ליג און שווייג —
אויף דער אדלער זיצט אין שטייג:
פון דער שטייג די טיר איז צו
און ער שרייט אזוי ווי דו.

שטילער, קינד מיינס. ס'איז די וועלט
פול מיט שטייגן אויסגעשטעלט;
צי בחנם, צי באצאלט,
צי פון אייזן, צי פון גאלד.

ווארף זיך, קינד, נים און נים פלי.
ס'וועט אומזיסט דיר זיין די מי:
ביזטו קליין, צי ביזטו גרויס —
קענסט נים פון דער שטייג ארויס.

שא, מיין קינד, קיין קלאנג, קיין שארך!
דארט אין שטייג, דעם אדלער, הארך,
איז פון קלאפן באלד שוין מיד,
פליגלען העלפן אים אויך נים!

וויין נישט קינד מיינס. שטיל און שא.
ס'איז מיין מזל אויך אזא.
אויך געפאנגען האט מען מיך,
שווייג-זשע שטיל, אזוי ווי איך!..



# צום ערד-ארבעטער



וואָס אויף דער וועלט
קען אונדז דערפרייען ?
גאָרטן און פעלד,
פלאַנצן און זייען.

זיס איז דער יאָר,
זינגסט זיך א ניגון ;
זאַנגען דערנאָך
וועלן זיך וויגן.

ווייסט ניט פון שפּאָט
רעש און טומל,
שותפות מיט גאָט —
פעלדער און הימל.

גאָלדענער שיין
רעגן און שטראַלן,
דאַרפסטו ניט זיין
נידריק געפאַלן.

# ערשטע שטראלן

אין מיין קליינעם שמאלן פענצטער,
שיקט מיר פרילינג א גערוס.
אז ער גייט, ער איז אין וועג שוין,
אז ער קומט שוין באלד געווים!

ברוך הבא, ליבע שלוחים,
גאלדענע שטראלן! קומט אריין!
אין מיין קליינעם ארמען צימער,
וועט איר שיינע געסט גאר זיין.

יא איר שטאמט פון הויכן יחוס,
קינדער זענט איר פון דער זון;
מילא, מילא, ליבע שטראלן!
קומט אריין, וואס ווערט דערפון?

איך בין אויך קיין קליינ׳ער יחסן:
פראסט און ווינט — פון מיינע פריינט!
אט די ביידע ברידער האבן,
ערלאך מיר באזוכט ביז היינט.



# דורכ'ן פענצטער

אלץ וואָס איך באַגעגן
קוקט מיר היימלאַך אָן,
ווען איך זיץ באַם פענצטער
רואיק אין וואַגאָן.

אלץ איז אַזוי אָפן,
גאָרנישט ניט פאַרשטעלט ;
דורך דעם קליינעם פענצטער
זע איך גאָר די וועלט.

וועלדער, פעלדער, טייכן,
הינער, פערד און קי ;
און באַם זייט דעם מענטשן
פרידלאַך באַ זיין מי.

ווער עס בויט זיין הייזל,
ווער זיין דאַך פאַרריכט —
אומעטום באַגאַסן
איז מיט שיין און ליכט . . .

ווער עס שעפּט פון ברונעם,
ווער פון קוואַל אַרויס —
אַלע ווי געבענטשטע
זעען זיי מיר אויס.







## דער אַלטער

**פון די ניו יאָרקער סאָמיוון**

אין דעם „על״ דאָ, מיר אנטקעגן
זיצט א מידער זקן;
קוקט מיר אָן און וויל וואָס פרעגן,
נאָר ער איז דערשראָקן —
יונגע מענטשן פול ארום —
זיצט ער שטיל און פרעמד און שטום.
אָבער נאָך א לאַנגן שווייגן,
ווענט ער זיך מיט קומער:
וואו און ווען ער דאַרף דאָ שטייגן,
מורמלט שטיל א נומער...
און ער ניט פארשעמט א לאַך:
ביטער איז דאָ אָן א שפּראַך.
ניט געפעלן בא די יאָרן
איז דעם אלטן דאָ;
וואָלט צוריק אהיים געפאָרן,
איז קיין היים — ניטאָ!
דאָרט געווען א באַלעבאָס,
נאָר צו ריידן — א פאַרדראָס.



# נאָך נאַקעט...

נאָך נאַקעט שטייט דער בוים באַם
פענצטער —
דאָך איז ער שוין נים מער געפאַלן;
ער הערט שוין רעדן לינדע ווינטן,
ער פילט שוין גלעטן מילדע שטראַלן...

דער שניי פון קאָפּ איז
אַפגעפאַלן,
די שטיקלאך אייז —
שוין אויך צעגאַנגען;
עס פעלן נאָך די גרינע
בלעטער—
מען קען דאָך אלין נים
גלייך פארלאנגען...

אבי דעם ווינטער דורכגעקומען —
דערצייל̈ן וועט ער עס אין פריידן —
און ווער עס האָט געשיקט דעם פרילינג,
דער זעלבער וועט אים שוין באַקליידן...

דער בייזער נעכטן איז פארגעסן
מיט אלע זיינע קאלטע זאָרגן;
און איבער אים א פויגל זינגט שוין
דאָס שטילע ליד פון היינט און
מאָרגן...



הערבסט-טעג פארקלערטע,
שאטנס צעשפרייט;
קוים, קוים געהערטע
קלאנגען און רייד.
עפעס אן אומעט
מישט זיך מיט פרייד
און אין די סודות —
הערט זיך באשייד.

פייגל, דערשיטערט,
פלאטערן אום;
מערקן, עס ציטערט
בלעטל און בלום:
גארנישט וועט בלייבן,
אלעס קומט אום —
פליט מען צוזאמען
דערשראקן ארום

ווינטעלאך קילע, —
זמערס פארגאנג;
גיסט זיך א תפלה,
רוישט א פארלאנג.
וואס ס'איז געוועזן —
אוים איז שוין לאנג:
טראגט זיך אין לופטן
אבשיידס א קלאנג...



# נייע קוואלן

די וואָס גראָבן קוואלן
אויף אַ נייער ערד,
זייער ליד טוט שאַלן —
זיי איז פרייד באַשערט.

רידל, האָק און אייזן
זינגען אַ געזאַנג;
וואַסער וועט זיך ווייזן —
מעג געדויערן לאַנג.

טרעפט אַ ·טיין זיך אונטן —
גרעסער ז· ·יער רייץ.
פון די ( ·סטע גרונטן
וואַסער — ט· אַ פלייץ!

וואַסער — ניט געזען נאָך,
·ורמלען — ניט געהערט;
וועט עס אויסזען שענער
פון דער טיף פון ערד.

ביז מען וועט זיך לאָבן
מיט די קוואלן פריש,
איז אַליין דאָס גראָבן
ליב דערוויל און זיס...


וואָלקנס
וואָלקנס גייען אָפּ,
ווערן אַלץ הערלייכערס,
הייבסטו אויף דיין קאָפּ —
ריין און איבערלייכערס.
בּאַ דעם הויכן ריים —
איינער נאָך, אַ מידער,
איינער ריכט זיך קוים,
זעצט אויף די ברידער.
ווייסט האָט זיי געבראַכט,
זיי צעשייפּעקליבן,
און די יערבע מאַכט
האָט זיי אויס פאַרטריבן.
האַלט און קוקט נאָך אויס
ווידער זיי צו גרייבן;
קוקט די זון אַרויס —
בלייבט פון אים קיין צייכן.